ז. יעפּרויקין יודל מאַרק

# אַ טריט פֿאָרויס

נאָכן ערשטן לייענביכל

אַרויסגעגעבן פֿון
בילדונגס-אָפּטיילונג פֿון אַרבעטער-רינג

# אַרעלע קען אַלץ

אַרעלע לערנט זיך אין אַ ייִדישער שול. ער ווייס שוין אַז ווען מע קומט אַרײַן אין דער פֿרי, זאָגט מען: „גוט מאָרגן".

ער ווייס אויך אַז ווען מע קומט אַרײַן אין אָוונט, זאָגט מען: „גוטן אָוונט".

ער געדענקט אויך זייער גוט אַז ווען עס איז שבת, זאָגט מען: „גוט שבת."

ער האָט זיך אויך אויסגעלערנט, אַז ווען עס איז יום־טובֿ, זאָגט מען: „גוט יום־טובֿ!"

אַרעלע איז געגאַנגען צו גאַסט צום זיידן. קומט ער אַרײַן צום זיידן און וויל אים ווײַזן וואָס ער קען. זאָגט ער מיט איין מאָל און גאָר גיך:

„גוט מאָרגן, גוטן אָוונט, גוט שבת און גוט יום־טובֿ!"

דער זיידע האָט געלאַכט.

| | |
|---|---|
| שבת | יום־טובֿ |

# לשנה טובֿה

לשנה טובֿה, פֿאָטער,<br>
לשנה טובֿה, מוטער,<br>
איך וועל זיך זייער מיִען<br>
צו זײַן אַ זון אַ גוטער.

לשנה טובֿה, באָבע,<br>
לשנה טובֿה, זיידע,<br>
איך וועל זיך זייער מיִען<br>
פֿאַרשאַפֿן פֿרייד אײַך ביידן.

| |
|---|
| לשנה טובֿה |

# גוטע מענטשן

אַמאָל זײַנען צװײ מענטשן געקומען צו אַ ריכטער און אײנער האָט געזאָגט: — „איך האָב געקויפֿט בײַ דעם מענטשן אַן אַלט הויז. װען איך האָב גענומען פֿאַרריכטן דאָס הויז, האָב איך דאָרטן געפֿונען אַ סך געלט. װיל איך דעם מענטשן אָפּגעבן דאָס געלט, װײַל ער נישט נעמען.״

און דער צװײטער האָט געזאָגט: — „איך האָב פֿאַרקויפֿט דאָס הויז און אַלץ װאָס איז אין הויז. איך האָב טאַקע נישט געװאוסט אַז דאָרטן איז באַהאַלטן געלט. אָבער פֿאַרקויפֿט איז פֿאַרקויפֿט. דערפֿאַר װיל איך נישט נעמען דאָס געלט װאָס יענער האָט געפֿונען.״

האָט דער ריכטער געזאָגט: „אַ סך מענטשן זײַנען שוין געקומען צו מיר, אָבער קײנער איז ניט געקומען מיט אַזעלכע רײד װי איר בײדע. איר זײַט בײדע גוטע מענטשן. האָסטו אַ זון?״—האָט ער געפֿרעגט אײנעם. — „יאָ!״ — „האָסטו אַ טאָכטער?״ — האָט ער געפֿרעגט דעם צװײטן. — „יאָ.״

„זעט אַז דער זון און די טאָכטער זאָלן חתונה האָבן און גיט זײ אַװעק דאָס געלט,״ — האָט דער ריכטער געזאָגט.

| חתונה האָבן | אַ סך |
|---|---|

פֿ ר אַ ג ע ס:

1. האָט דער מענטש װאָס האָט געקויפֿט דאָס הויז געװאָלט אָפּגעבן דאָס געלט?

2. פֿאַרװאָס האָט דער מענטש װאָס האָט פֿאַרקויפֿט דאָס הויז ניט געװאָלט נעמען דאָס געלט?

3. איז דער ריכטער געװען אַ קלוגער?

# א וויגליד

איַי־ליו, האַלט אײַן דײַן צינגעלע,
גענוג שוין שרײַען דיר!
דו שלאָפֿסט נישט מער, מײַן יינגעלע,
נו, שאַ, נו קום צו מיר.

איך וועל זינגען דיר אַ לידעלע,
וועסט וואַקסן מיט דעם ליד.
וועסט אויסוואַקסן, קליין יידעלע,
אַ גרויסער, שיינער ייד!

# איך פֿאַסט

עטעלע הערט אַז גרויסע מענטשן פֿאַסטן יום־כּיפּור. האָט עטעלע געזאָגט צו איר עלטערער שוועסטער:

— „איך וועל אויך פֿאַסטן יום־כּיפּור. דו וועסט זען."

איר עלטערע שוועסטער האָט אָבער געזאָגט:

— „גיי שוין, גיי! דו ביסט נאָר זיבן יאָר אַלט. דו קענסט נאָך ניט פֿאַסטן."

— „איך וועל פֿאַסטן, איך וועל פֿאַסטן!" — האָט עטעלע געזאָגט.

עס איז געקומען יום־כּיפּור. דעם גאַנצן אָונט האָט עטעלע געפֿאַסט. פֿאַרן שלאָפֿן האָט זי קיין מילך נישט געטרונקען. דערנאָך האָט זי געשלאָפֿן אַ גאַנצע נאַכט. האָט זי אַ גאַנצע נאַכט געפֿאַסט. אין דער פֿרי זאָגט איר די עלטערע שוועסטער:

— „עטעלע, גיי עפּעס עסן."

— „איך עס ניט הײַנט, איך פֿאַסט," — האָט עטעלע געענטפֿערט.

עס זײַנען אַוועק נאָך אַ פּאָר שעה און עטעלע

האָט נאָך אַלץ געפּאַסט. זי איז אַרומגעלאָפן און איז געוואָרן זייער הונגעריק. זי איז געקומען צו דער עלטערער שוועסטער און געבעטן:

— „גיב מיר עפּעס עסן, איך בין זייער הונגעריק.”

— „אָבער דו פּאַסט דאָך הײַנט,” — האָט די עלטערע שוועסטער געזאָגט.

— „יאָ, איך פּאַסט הײַנט,” — האָט עטעלע געזאָגט, — „אָבער איך וויל זיך אַ ביסל אָפּרוען פון פּאַסטן.”

און עטעלע האָט געגעסן. דערנאָך איז זי אַרויס זיך שפּילן מיט די קינדער און זי האָט זיי געזאָגט:

— „איר ווייסט? איך פּאַסט איצט ווידער!”

| יום־כּיפּור | שעה |
|---|---|

## דער פֿוקס און די פֿיש

אַמאָל איז אַ פֿוקס געגאַנגען לעבן אַ טײַך. זעט ער ווי די פֿיש שווימען אַרום אין וואַסער. זיי שווימען אַהין און אַהער, אָבער זיי רוען קיין מאָל נישט. זיי לויפֿן!

— „וואָס לויפֿט איר אַזוי?” — פֿרעגט דער פֿוקס. האָבן די פֿיש געענטפֿערט: „מיר שווימען אַרום אַהין און אַהער, מיר לויפֿן אַרום, די נעצן זאָלן אונדז ניט כאַפּן. אויב מיר וועלן זײַן די גאַנצע צײַט אויף איין אָרט, וועלן די נעצן אונדז קענען לײַכט כאַפּן.”

זאָגט צו זיי דער פֿוקס: „קומט אַרויס פֿון וואַסער, קומט צו מיר, — וועט איר ניט דאַרפֿן מורא האָבן פֿאַר די נעצן.”

ענטפֿערן אים די פֿיש: „מע זאָגט אַז דו ביסט דער קליגסטער צווישן די חיות, אָבער דו ביסט דער

גרעסטער נאַר. אויב מיר האָבן מורא אין וואַסער, וואָס דאָס איז אונדזער לעבן, וועלן מיר דאָך געוויס שטאַרבן אויף דער ערד!"

| | |
|---|---|
| מורא האָבן | חיה — חיות |

פ ר אַ ג ע ס:

1. וואָס האָט דער פוקס געזען אין טייַך?
2. וואָס האָט דער פוקס געפרעגט די פיש?
3. וואָס האָבן די פיש דערציילט וועגן די נעצן?
4. וואָס האָט דער פוקס געזאָגט?
5. וואָס האָבן די פיש געענטפערט דעם פוקס?

## ייִדן

איינס און צוויי, און דרייַ און פיר,
וואָס מיר זייַנען — זייַנען מיר,
אָבער ייִדן זייַנען מיר!
איינס און צוויי, און דריי און פיר.

פינף און זעקס, און זיבן, אַכט,
ניט געזאָרגט און נאָר געלאַכט!
שטענדיק פריילעך, נאָר געלאַכט —
פינף און זעקס, און זיבן, אַכט.

נייַן און צען, און עלף, און צוועלף,
ייִד, דעם ייִדן שטענדיק העלף!
טו אים גוטס, דייַן ברודער העלף!
נייַן און צען, און עלף, און צוועלף.

## ניט איך! ניט איך!

דער לערער האָט דערציילט די מעשה פון חומש ווי גאָט האָט באַשאַפן דעם הימל און די ערד. אַלע

קינדער האָבן זיך צוגעהערט, אָבער לייבעלע האָט ניט געוואָלט זיך צוהערן. ער האָט געשטערט.

— „לערער, מע שטופּט מיך, מע שטופּט מיך! מען לאָזט מיך ניט זיך צוהערן," — האָט איין קינד געזאָגט.

— „ווער טוט עס?" — האָט דער לערער געפרעגט.

— „ניט איך! ניט איך!" — האָט לייבעלע אויסגערופן.

— „לערער, מע שטעכט מיך מיט אַ בלײַער און מע לאָזט מיך ניט זיך צוהערן," — האָט אַן אַנדער קינד געזאָגט.

— „ווער טוט עס?" — האָט דער לערער ווידער געפרעגט.

— „ניט איך! ניט איך!" — האָט לייבעלע אויסגערופן.

דערנאָך האָט דער לערער געפרעגט: „ווער האָט באַשאַפן דעם הימל און די ערד?"

— „ניט איך! ניט איך!" — האָט לייבעלע ווידער אויסגערופן.

די קינדער האָבן זיך צעלאַכט.

| מעשה | חומש |
|---|---|

פ ר אַ ג ע ס:

1. וואָס האָט דער לערער דערציילט?
2. ווער האָט געשטערט די קינדער זיך צוהערן?
3. וואָס האָט לייבעלע די גאַנצע צײַט אויסגערופן?
4. פאַרוואָס האָבן די קינדער זיך צעלאַכט?

## אַ סוכּהלע

אַ סוכּהלע אַ קליינינקע,
אַ סוכּהלע אַ שיינינקע,
האָב איך מיר געמאַכט,
האָב איך מיר געמאַכט.

איך האָב מיט מיינע הענטעלעך
אויסגעפּוצט די ווענטעלעך,
און געדעקט דעם דאַך
מיט אַ ביסל סכך.

איך האָב מיט מיינע הענטעלעך
אויסגעפּוצט די ווענטעלעך,
אַליין אַליין געמאַכט,
אַליין אַליין געמאַכט.

(מ. ריוועסמאַן)

## איך העלף בויען אַ סוכּה

מיר וואוינען אין פלאַטבוש, אין ברוקלין. מיר וואוינען אין אַן אייגן הויז. הינטער דעם הויז איז דאָ אַ גרויסער הויף.

אַ פּאָר טעג פאַר סוכּות נעמט דער זיידע בויען אויפן הויף אַ סוכּה. איך העלף דעם זיידן אַרויסטראָגן די ברעטער וואָס זיינען דאָ ביי אונדז אין קעלער. איך העלף אים; איך דערלאַנג אים די זעג; איך דערלאַנג אים דעם האַמער און די טשוועקעס. דער זיידע אַרבעט און איך העלף אים די גאַנצע צייט. דער זיידע איז שוין ניט קיין יונגער און ער אַרבעט זייער פּאַמעלעך. ער דאַרף זיך אָפּרוען פון צייט צו צייט.

די סוכּה איז שוין פאַרטיק. מיר פּוצן זי אויס פון אינעווייניק. עס איז אַ גרויסע פרייד צו זען ווי שיין עס איז אונדזער סוכּה!

ווען מיר זײַנען אַלע געזעסן און האָבן געגעסן אין סוכּה, זאָגט דער זיידע:

— „משהלע האָט מיר די גאַנצע צײַט געהאָלפֿן. ווען ניט משהלע, וואָלטן מיר קיין סוכּה ניט געהאַט."

איך בין זייער צופֿרידן מיט דעם זיידנס ווערטער. אַלע לויבן מיך און איך זיץ און שווײַג.

סוכּות איז אַ פֿריילעכער יום־טובֿ.

| | | | |
|---|---|---|---|
| סוכּה | סוכּות | משהלע | יום־טובֿ |

פֿ ר אַ ג ע ס :

1. ווי הייסט דער ייִנגל וואָס העלפֿט בויען די סוכּה?
2. ווי בויט משהלעס זיידע די סוכּה?
3. וואָס טוט משהלע?
4. וואָס טוען משהלע און דער זיידע, ווען די סוכּה איז שוין פֿאַרטיק?
5. וואָס זאָגט דער זיידע ווען אַלע זיצן אין סוכּה?
6. וואָס ענטפֿערט משהלע?

## באָבעניו

— זינג אונדז עפּעס, באָבעניו,
זינג אונדז עפּעס, קרוין!
— איך האָב אײַך אַלע לידעלעך
אויסגעזונגען שוין!

— ניין, ניט אַלע, באָבעניו,
טו אונדז נאָר צוליבֿ!
וועלן מיר דיך, באָבעניו,
האָבן זייער ליבֿ!

# באָבע, דערציייל מיר אַ מעשׂה!

— „באָבע, דערצייל מיר אַ מעשׂה!"

— „גוט, מיין אייניקל, איך וועל דיר דערציילן: אַמאָל איז געווען אַ קליין פּייגעלע. האָט עס געהאַט שיינע רויטע שיכעלעך..."

— „באָבע, ווי קען עס זיין? האָט דען אַ פּייגעלע שיכעלעך?"

— „ביסט גערעכט, מיין אייניקל. איך וועל אָנהייבן פון דאָס ניי: אַמאָל איז געווען אַ פּייגעלע, האָט עס געטראָגן אַ שיין, בלוי קליידעלע..."

— „באָבע, טראָגט דען אַ פּייגעלע אַ קליידעלע?"

— „ביסט גערעכט, מיין אייניקל. איך וועל אָנהייבן פון דאָס ניי: אַמאָל איז געווען אַ פּייגעלע, האָט עס געהאַט שיינע ווייסע ציינדעלעך..."

— „באָבע, האָסטו אַמאָל געזען ביי אַ פּייגעלע ציינדעלעך?"

— „ביסט גערעכט, מיין אייניקל. איך וועל אָנהייבן נאָך אַ מאָל פון דאָס ניי: אַמאָל איז געווען אַ פּייגעלע, האָט עס געהאַלטן אין איין ריידן און ריידן..."

— „באָבע, אַ פּייגעלע זינגט, אָבער אַ פּייגעלע רעדט דאָך נישט."

— „ביסט ניט גערעכט, מיין אייניקל, איך האָב אַ פּייגעלע מיט רויטע שיכעלעך, מיט אַ בלוי קליידעלע און מיט ווייסע ציינדעלעך, און זי לאָזט ניט דערציילן אַ מעשׂה."

— „גערעכט, באָבע, גערעכט! איך הייס דאָך פּייגעלע!"

מעשׂה

פ ר אַ ג ע ס:

1. ווי האָט די באָבע אָנגעהויבן די מעשׂה?
2. וואָס האָט דער באָבעס פֿייגעלע געהאַט?
3. ווען וואָסער פֿייגעלע האָט די באָבע דערציילט?

## זיידעניו

וואָס איז זיידע אַזוי גרוי?
ווײַל אַ זיידע איז אַזוי!
וואָס שפּאַנט זיידע טריט בײַ טריט?
ווײַל אַ זיידע אײַלט זיך ניט.

זיידע טוט די ברילן אָן,
ווײַל אַ זיידע דאַרף עס טאָן.
זיידע לערנט תּורה פֿיל,
ווײַל אַ זיידע קען און וויל.

תּורה

## די זון און די לבֿנה

ווען גאָט האָט באַשאַפֿן די וועלט, האָט ער געמאַכט די זון זי זאָל לײַכטן בײַטאָג און די לבֿנה זי זאָל לײַכטן בײַנאַכט.

און די זון און די לבֿנה זײַנען בײדע געווען גלײַך. זיי זײַנען בײדע געווען גלײַך גרויס און בײדע האָבן געהאַט דאָס זעלביקע ליכט.

די זון איז געווען צופֿרידן, אָבער די לבֿנה האָט געזאָגט צו גאָט:

— „דו האָסט ניט גוט געטאָן וואָס דו האָסט מיך באַשאַפֿן גלײַך מיט דער זון. מענטשן וועלן ניט וויסן קיין אונטערשייד צווישן דער זון און דער לבֿנה. מען

וועט אַפֿילו נישט קענען וויסן וועד עס איז די זון און און ווער עס איז די לבֿנה. און איך וויל אַז מען זאָל אַלע מאָל וויסן אַז איך בין די לבֿנה.״

האָט גאָט געזאָגט: — „דו ביסט גערעכט. מע דאַרף וויסן ווער עס איז די זון און ווער עס איז די לבֿנה. פֿון איצט אָן וועסטו זײַן קלענער פֿון דער זון און האָבן אַ סך ווייניקער ליכט.״

און אַזוי איז געוואָרן. איצט איז די לבֿנה אַ טרויעריקע און אַ בלאַסע. זי שעמט זיך און באַהאַלט זיך אָפֿט הינטער וואָלקנס.

| | |
|---|---|
| אַ סך | לבֿנה |

פֿ ר אַ ג ע ס:

1. ווער איז גרעסער: די זון אָדער די לבנה?
2. ווען זײַנען די זון און די לבנה געווען גלײַך?
3. וואָס האָט די לבנה געזאָגט צו גאָט?
4. וואָס האָט גאָט געטאָן?

## ליג איך מיר מײַן קעפּעלע

ליג איך מיר מײַן קעפּעלע
אויף מײַן מאַמעס בעטעלע.
נייט מײַן מאַמע פֿאַרבײַ,
נאָר זי לאַכט און קוועלט:

— שלאָף, מײַן טאַכטער קליינינקע,
איינגעלעך האָסטו שיינינקע.
שלאָף געזונטערהייט,
שלאָף געזונטערהייט!

ליינ איך מיר מײַן קעפּעלע
אויף מײַן טאַטנס בעטעלע.
גייט מײַן טאַטע פאַרבײַ,
נאָר ער לאַכט און קוועלט:

— שלאָף, מײַן טאָכטער האַרציקע,
הערעלעך האָסטו שוואַרצינקע.
שלאָף געזונטערהייט,
שלאָף געזונטערהייט!

## דער פאַסטעך משה

משה איז אַנטלאָפן פון מצרים און איז געווען אַ סך יאָרן אַ פאַסטעך. ער איז געווען אַ גוטער פאַסטעך און האָט ליב געהאַט זײַנע שאָף.

עס איז געווען זייער אַ הייסער טאָג. זעט דער פאַסטעך משה, ווי אַ שעפעלע לויפט גיך אַוועק פון די אַנדערע שאָף. משה איז נאָכגעלאָפן דעם שעפעלע. זעט ער ווי דאָס שעפעלע קומט צו צו אַ טײַכל און טרינקט וואַסער פון דעם טײַכל. האָט משה פאַרשטאַנען אַז דאָס שעפעלע איז געווען זייער דאָרשטיק. און ער האָט געטראַכט:

איך האָב געדאַרפט וויסן אַז דאָס שעפעלע איז דאָרשטיק. איך האָב געדאַרפט אַליין ברענגען וואַסער פאַרן שעפעלע.

און משה האָט גענומען דאָס שעפעלע אויף די הענט און עס געטראָגן צוריק צו די איבעריקע שאָף.

און ווײַל משה איז געווען אַזאַ גוטער פאַסטעך, איז ער שפּעטער געוואָרן דער פירער פון די ייִדן און האָט זיי באַפרייט פון זײַן שקלאַפן.

| אַ סך | משה |
|---|---|

פ ר אַ ג ע ס:

1. וואָס האָט משה געטאָן ווען ער איז אַנטלאָפֿן פֿון מצרים?
2. פֿאַרוואָס איז איין שעפּעלע אַנטלאָפֿן פֿון די איבעריקע שאָף?
3. וואָס האָט משה געטראַכט, ווען ער האָט געזען ווי דאָס שעפּעלע טרינקט?
4. וואָס האָט משה געטאָן מיטן שעפּעלע?
5. וואָס איז דער פּאַסטעך משה שפּעטער געוואָרן?

## קומט דער ליבער זומער

קומט דער ליבער זומער,
שפּילן מיר אין זאַמד.
וואו ס'איז אונדזער וואוינונג —
דאָרט איז אונדזער לאַנד.

רויטע קאַרשן רײַסן מיר,
גרינע לאָזן מיר שטיין;
גוטע קינדער נעמען מיר,
שלעכטע לאָזן מיר גיין.

## פּערעלע מיט די באַלאָנען

פּערעלע איז געגאַנגען מיט דער מאַמען און זיי האָבן געזען — אַ מאַן פֿאַרקויפֿט גרויסע פֿאַרביקע באַלאָנען.

— „קויף מיר אָט דעם רויטן באַלאָן," — האָט פּערעלע געבעטן בײַ דער מאַמען.

די מאַמע האָט געקויפֿט פּערעלען דעם רויטן באַלאָן.

— „מאַמע, קויף מיר אויך דעם גרינעם באַלאָן," — האָט פּערעלע זיך געבעטן.

די מאַמע האָט געקויפֿט פּערעלען אויך דעם גרינעם באַלאָן.

— „מאַמע, קויף מיר דעם גרויסן געלן באַלאָן,"
— האָט פּערעלע ווידער געבעטן.
— „אָבער דו האָסט דאָך שוין צוויי באַלאָנען," — האָט די מאַמע געזאָגט.

און פּערעלע האָט ווידער גערעדט: — „מיר געפעלן ניט דער רויטער באַלאָן און ניט דער גרינער באַלאָן, מיר געפעלט נאָר דער געלער. קויף מיר, מאַמע!"

די מאַמע האָט געקויפט פּערעלען אויך דעם געלן באַלאָן. האָט פּערעלע גענומען וויינען:

— „מאַמע, איך וויל דעם בלויען באַלאָן! מאַמע, איך וויל דעם ברוינעם באַלאָן!"

די מאַמע האָט ניט געוואָלט אַז פּערעלע זאָל וויינען. האָט די מאַמע איר געקויפט אַלע באַלאָנען.

דערווײַל איז אָנגעקומען אַ ווינט און פּערעלען איז געווען שווער צו האַלטן אַלע באַלאָנען. זי האָט גענומען שרײַען: „מאַמע, מאַמע! דער ווינט טראָגט מיך אַוועק!"

— „לאָז אָפּ די באַלאָנען! לאָז אָפּ די באַלאָנען! וועט דער ווינט דיך ניט קענען אַוועקטראָגן," — האָט די מאַמע געזאָגט.

פּערעלע האָט אין שרעק אָפּגעלאָזן אַלע באַלאָנען און מיט פֿאַרוויינטע אויגן געקוקט ווי זיי טראָגן זיך הויך אין דער לופֿט. זי האָט גענומען דער מאַמעס האַנט און ווײַטער שטיל געגאַנגען מיט איר שפּאַצירן. זי האָט פֿאַרשטאַנען אַז זי האָט געוואָלט צו פֿיל.

פֿ ר אַ ג ע ס:

1. וואָס האָט פּערעלע געזען?
2. וואָסערע באַלאָנען האָט די מאַמע געקויפט פּערעלען?
3. פֿאַרוואָס איז פּערעלען געוואָרן שווער צו האַלטן די באַלאָנען?

4. וואָס איז געוואָרן מיט פּערעלעס באַלאָנען?
5. וואָס האָט פּערעלע פֿאַרשטאַנען?

## פֿאַרוואָס האָט דער אייזל לאַנגע אויערן

דער ערשטער מענטש אויף דער וועלט איז געווען אָדם. און אָדם האָט געגעבן נעמען אַלע באַשעפֿענישן און אַלע חיות פֿון דער וועלט.

— „געדענק, דו הייסט לייבּ" — האָט ער געזאָגט דעם לייבּ. — „איך הייס לייבּ" — האָט דער לייבּ אים נאָכגעזאָגט.

— „געדענק, דו הייסט בער," — האָט אָדם געזאָגט דעם בער. און דער בער האָט נאָכגעזאָגט:
— „איך הייס בער."

— „געדענק, דו הייסט פֿערד," — האָט אָדם געזאָגט דעם פֿערד. און דאָס פֿערד האָט נאָכגעזאָגט:
— „איך הייס פֿערד."

— „געדענק, דו הייסט אייזל," — האָט אָדם געזאָגט דעם אייזל. אָבער דער אייזל האָט ניט נאָכגעזאָגט. ער האָט געזען גראָז לעבן זיך, האָט ער געגעסן דאָס גראָז.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט אָדם גערופֿן אַלע חיות און זיי געפֿרעגט ווי זיי הייסן. — „איך הייס לייבּ" — האָט געשריִען דער לייבּ; — „איך הייס בער" — האָט געברומט דער בער; — „איך הייס פֿערד" — האָט דאָס פֿערד געזאָגט.

— „און ווי הייסטו?" — האָט אָדם געפֿרעגט דעם אייזל. — „איך הייס . . . איך הייס . . ." — און דער אייזל האָט נישט געדענקט ווי ער הייסט.

— „אייזל! געדענק אַז דו הייסט אייזל!" — איז אָדם געוואָרן אין כּעס און האָט אַ ציִ געטאָן דעם אייזל פֿאַר די אויערן. אָדם איז געווען זייער אַ שטאַרקער, שטאַרקער פֿון אַלע מענטשן נאָך אים.

האָט ער אויסגעצויגן דעם אייזל די אויערן. פֿון דעמאָלט אָן האָט דער אייזל לאַנגע אויערן.

| | | |
|---|---|---|
| אין כּעס | חיות | אָדם |

פֿ ר אַ ג ע ס :

1. ווער האָט געגעבן נעמען אַלע בּאַשעפֿענישן ?
2. פֿאַרוואָס האָט דער אייזל ניט געדענקט זײַן נאָמען ?
3. וואָס האָט אָדם געטאָן דעם אייזל ?

# מילך און ברויט

עס, מײַן קינד, דאָס שטיקל בּרויט
און בּענטש די ערד וואָס גיט אונדז בּרויט.
טרינק, מײַן קינד, דאָס גלעזל מילך
און בּענטש די קו וואָס גיט אונדז מילך.
און בּענטש די האַנט וואָס גראָבּט די ערד,
און בּאַקט דאָס בּרויט און מעלקט די קו —
אַז קיינער זאָל ניט וויסן פֿון הונגער און פֿון נויט!

(בּ. סיגאַל)

# ווי אַזוי דאָס שעפֿעלע האָט בּאַקומען וואָל

דאָס שעפֿעלע איז געקומען צו גאָט און געזאָגט:
— „אויף דײַן וועלט זײַנען דאָ אַ סך בּייזע חיות. זיי האָבּן שאַרפֿע ציין, לאַנגע נעגל, גרויסע הערנער. וואָס זאָל איך טאָן? ווי קען איך זיך שיצן?"
האָט גאָט געזאָגט: „איך וועל דיר געבּן שאַרפֿע ציין און דו וועסט קענען בּײַסן מיט זיי."
— „פּאַסן דען פֿאַר מיר שאַרפֿע ציין?" — האָט דאָס שעפֿעלע געפֿרעגט, — „איך וויל ניט קיינעם בּײַסן."
— „וועל איך דיר געבּן לאַנגע נעגל," — האָט גאָט געזאָגט, — „און דו וועסט קענען רײַסן מיט זיי."

— „פֿאַסן דען פֿאַר מיר לאַנגע נעגל?" — האָט געפֿרעגט ווידער דאָס שעפּעלע, — „איך וויל ניט קיינעם רײַסן."

— „איך וועל דיר געבן גרויסע הערנער אויפֿן שטערן," — האָט גאָט געזאָגט, — „און דו וועסט קענען שטעכן מיט זיי."

— „פֿאַסן דען פֿאַר מיר גרויסע הערנער?" — האָט דאָס שעפּעלע ווידער געפֿרעגט, — „איך וויל ניט קיינעם שטעכן."

האָט גאָט געזאָגט: „דו ביסט אַ גוט שעפּעלע. דו ווילסט קיינעם ניט בײַסן, קיינעם ניט רײַסן, קיינעם ניט שטעכן. גיב איך דיר גאָר אַ שיינע מתּנה: ווייכע וואַרעמע וואָל, און דער מענטש וועט דיך שוין שיצן קעגן אַלע בייזע חיות."

דאָס שעפּעלע איז אַוועק זייער צופֿרידן און פֿון דעמאָלט אָן גיט עס דעם מענטשן איר וואָל.

| | |
|---|---|
| חיות | מתּנה |

פֿ ר אַ ג ע ס:

1. וואָס האָט דאָס שעפּעלע געבעטן בײַ גאָט?
2. פֿאַרוואָס האָט דאָס שעפּעלע נישט געוואָלט קיין שאַרפֿע ציין?
3. וואָס האָט דאָס שעפּעלע געזאָגט ווען גאָט האָט אים געוואָלט געבן לאַנגע נעגל?
4. פֿאַרוואָס האָט דאָס שעפּעלע נישט געוואָלט קיין גרויסע הערנער?
5. וואָס האָט גאָט געגעבן דעם שעפּעלע?

## דער דימענט

אין ארץ־ישׂראל האָט געלעבט זייער אַ גרויסער געלערנטער וואָס האָט געהייסן שמעון. ער האָט געהאַט אַ סך תּלמידים, אָבער געלט האָט ער געהאַט

וויניק. ער האָט געקליבן און געקליבן געלט, ביז ער האָט געקענט זיך קויפן אַן אייזל צום רייַטן, ער זאָל ניט דאַרפן אַלע מאָל גיין צופוס.

ווען רבי שמעון האָט געקויפט דעם אייזל האָבן זייַנע תּלמידים באַקוקט און באַטאַפּט דעם אייזל. פּלוצלונג האָט איינער פון זיי אויסגערופן מיט גרויס פרייד:

— „רבי! צווישן די האָר פון אייזל האָב איך געפונען אָט דעם דימענט. זעט סאַראַ גרויסער דימענט!"

און אַלע אַנדערע תּלמידים האָבן געזאָגט:

— „דאָס האָט גאָט צוגעשיקט אַ מתנה דעם רבין, ער זאָל מער ניט זייַן קיין אָרעמאַן!"

רבי שמעון האָט גענומען דעם דימענט אין די הענט אַרייַן, אים באַטראַכט און געזאָגט:

— „ניין, דער דימענט איז ניט מייַנער! איך האָב געקויפט אַן אייזל, אָבער ניט קיין דימענט. גייט און טראָגט אָפּ דעם דימענט דעם מענטשן, בייַ וועמען איך האָב געקויפט דעם אייזל. דער דימענט איז זייַנער!"

— „אָבער דער וואָס האָט פאַרקויפט דעם אייזל האָט דאָך ניט געוואוסט וועגן דימענט. דאָס האָט גאָט אייַך צוגעשיקט דעם דימענט!" — האָבן די תּלמידים געזאָגט.

— „ניין, מייַנע תּלמידים," — האָט זיי רבי שמעון געענטפערט, — „דעם דימענט האָב איך ניט געקויפט. געהערט ער דעם פריערדיקן באַלעבאָס פון אייזל. טראָגט אים גלייַך אָפּ!"

די תּלמידים האָבן געטאָן וואָס זייער רבי האָט זיי געהייסן.

| | | | |
|---|---|---|---|
| ארץ־ישראל | שמעון | תּלמידים | רבי מתנה |

## פראַגעס:

1. איז רבי שמעון געווען אַ רײַכער מאַן?
2. צו וואָס האָט רבי שמעון געקויפט דעם אייזל?
3. וואָס האָט מען געפונען צווישן די האָר פון אייזל?
4. וואָס האָבן די תלמידים געזאָגט?
5. פאַרוואָס האָט רבי שמעון ניט גענומען דעם דימענט?

# קען מען מאַכן אַז אַלע זאָלן זײַן צופרידן?

אַ מאַן איז געגאַנגען אין שטאָט פאַרקויפן זײַן אייזל. ער האָט מיטגענומען מיט זיך זײַן קליינעם זון. דער מאַן האָט געפירט דעם אייזל און זײַן קליינער זון איז נאָכגעגאַנגען. טרעפן זיי איינעם און ער זאָגט:

— „וואָס גייט איר אַלע צופוס? איינער פון אײַך קען דאָך רײַטן אויפן אייזל!"

האָט דער מאַן זיך אַוועקגעזעצט אויפן אייזל און דער קליינער זון איז נאָכגעלאָפן.

טרעפן זיי אַ צווייטן און יענער זאָגט:

— „ניט שיין, ניט שיין! אַ גרויסער שטאַרקער מאַן רײַט אויפן אייזעלע און ער לאָזט זײַן זון נאָכלויפן."

איז דער פאָטער אַראָפּ פון אייזל און האָט אויפן אייזל אַוועקגעזעצט דעם זון, און אַליין איז ער נאָכגעגאַנגען.

טרעפן זיי אַ דריטן און ער זאָגט:

— „ניט שיין, ניט שיין! אַ קליין יינגל מיט פלינקע פיס רײַט אויף אַן אייזל און לאָזט זײַן אַלטן פאָטער גיין צופוס."

האָבן דער פאָטער און דער זון זיך ביידע געזעצט רײַטן אויפן אייזל. טרעפן זיי אַ פערטן און ער זאָגט:

— „ניט שיין, ניט שיין! ביידע רײַט איר אויף אַ קליין שוואַך אייזעלע! האָט איר גאָר קיין רחמנות ניט?"

זײַנען דער פֿאָטער און דער זון אַראָפּ פֿון אייזל און זיי האָבן געטראַכט: ווי קען מען מאַכן אַז אַלע זאָל זײַן צופֿרידן? האָבן זיי בײדע גענומען דעם אייזל אויף די פּלייצעס און אים געטראָגן אין שטאָט אַרײַן.

רחמנות

פֿראַגעס:

1. צו וואָס איז דער מאַן געגאַנגען אין שטאָט?
2. וואָס האָט געזאָגט דער ערשטער מענטש וואָס זיי האָבן באַגעגנט?
3. וואָס האָט דער פֿאָטער געטאָן?
4. וואָס האָט געזאָגט דער צווייטער מענטש וואָס זיי האָבן באַגעגנט?
5. וואָס האָט געזאָגט דער דריטער מענטש וואָס זיי האָבן באַגעגנט?
6. וואָס האָבן זיי געטאָן?
7. וואָס האָט געזאָגט דער פֿערטער מענטש וואָס זיי האָבן באַגעגנט?
8. וואָס האָבן זיי געטאָן דערנאָך?
9. קען מען מאַכן אַז אַלע זאָלן זײַן צופֿרידן?

## שלום־עליכם

שלום־עליכם, מלאָכים מײַנע,
שלום־עליכם, מלאָכים פֿײַנע!
שלום־עליכם, ווײַב און קינד,
שבת איז שוין דאָ אַצינד.

שלום־עליכם, גוטע פֿרײַנד,
שבת, שבת איז דאָך הײַנט!
שלום־עליכם, זיידעס, באָבעס,
שלום־עליכם, ליבער שבת!

# שבת אין מדבר

אַ פֿרומער ייִד איז געגאַנגען אין מדבר מיט אַ קאַראַוואַן. ווען עס איז געקומען פֿרײַטיק אין אָונט, האָט דער פֿרומער ייִד ניט געוואָלט ווײַטער גיין. ער האָט געזאָגט:

— „עס קומט אָן שבת. שבת מוז איך רוען. איך בעט אײַך, לאָמיר דאָ רוען איין טאָג און דערנאָך וועלן מיר גיין ווײַטער.“

אָבער די מענטשן פֿון קאַראַוואַן האָבן ניט געוואָלט זיך אָפּשטעלן. האָבן זיי געלאָזט דעם פֿרומען ייִד אַליין אין מדבר און זיי זײַנען אַלע אַוועק.

די זון איז אונטערגעגאַנגען. פֿון ווײַטן האָט מען געהערט דאָס ברומען פֿון בייזע חיות. פּלוצלונג איז אַ גרויסער לייב צוגעלאָפֿן נאָענט צו דעם פֿרומען ייִד און האָט זיך אַוועקגעלייגט לעבן אים.

— גאָט האָט מיר צוגעשיקט אַ היטער, — האָט דער ייִד געטראַכט און זיך געפֿרייט.

דעם גאַנצן שבת איז דער לייב געלעגן לעבן דעם פֿרומען ייִד. ווען דער שבת איז אַוועק, האָט דער לייב זיך אויפֿגעשטעלט, גאָר נאָענט צוגעקומען צום ייִד און אויף עפּעס געוואַרט. דער ייִד האָט זיך געזעצט אויפֿן לייב, און דער לייב איז גיך געלאָפֿן ביז ער האָט געבראַכט דעם ייִד צום קאַראַוואַן, וואָס איז געגאַנגען פֿאָרויס.

| | | |
|---|---|---|
| שבת | מדבר | חיות |

פֿ ר אַ ג ע ס:

1. וואָס האָט דער ייִד געבעטן די מענטשן פֿון קאַראַוואַן?

2. האָבן די מענטשן פֿון קאַראַוואַן געטאָן וואָס דער ייִד האָט זיי געבעטן?

3. ווער האָט געשיצט דעם ייִד פֿון בייזע חיות?
4. וואָס איז געשען ווען דער שבת איז אַוועק?

## אין דער שטילער שבת־שעה

ווײַסע, שטילע פֿליגל שוועבן —
שבת קומט אין אונדזער לעבן.
שענער, ליכטיקער איז הײַנט!

לאָמיר אַלע, אַלע דאָ
אין דער שטילער שבת־שעה
ווערן גוטע, ליבע פֿרײַנד!

| שבת | שעה |
|---|---|

## דער שבת איז נאָר פֿאַר פֿרײַע מענטשן

משה איז געווען נאָך אַ ייִנגל און געלעבט בײַ פּרעהן. ער האָט געזען ווי די ייִדישע שקלאַפֿן אַרבעטן יעדן טאָג. איז ער געקומען צו פּרעהן און האָט געזאָגט:

— „די ייִדישע שקלאַפֿן אַרבעטן און אַרבעטן יעדן טאָג. זאָלן זיי אַרבעטן זעקס טעג און דעם זיבעטן זאָלן זיי רוען."

— „צו וואָס דאַרפֿן שקלאַפֿן רוען?" — האָט פּרעה געפֿרעגט.

— „שקלאַפֿן דאַרפֿן אויך רוען," — האָט געזאָגט דער יונגער משה.

— „קען זײַן, אַז דו ביסט גערעכט," — האָט געענטפֿערט פּרעה, — „ווען די שקלאַפֿן וועלן רוען איין טאָג אין זיבן טעג, וועלן זיי שפּעטער קענען בעסער אַרבעטן."

און פּרעה האָט געהייסן אַז זעקס טעג זאָלן די שקלאַפֿן אַרבעטן און דעם זיבעטן זאָלן זיי רוען. אָבער ווען די שקלאַפֿן האָבן גערוט דעם זיבעטן טאָג, האָבן זיי געהאַט צייט צו טראַכטן און זיי האָבן געזאָגט:

— „מיר ווילן מער ניט זײַן קיין שקלאַפֿן.״

האָט מען עס דערציילט פּרעהן און ער האָט געהייסן אַז די שקלאַפֿן זאָלן ווידער אַרבעטן יעדן טאָג. האָט משה פֿאַרשטאַנען אַז נאָר פֿרײַע מענטשן קענען האָבן אַ טאָג פֿרײַ.

ווען משה האָט אַרויסגעפֿירט די ייִדן פֿון מצרים און זיי געמאַכט פֿאַר פֿרײַע מענטשן, האָבן ייִדן אָנגענומען דעם טאָג שבת, דעם טאָג פֿון רו.

| | | |
|---|---|---|
| משה | פּרעה | מצרים |

# דער קליינער העלד

אין דער שטאָט ירושלים איז געווען אַ מלחמה צווישן ייִדן און אַראַבער. די אַראַבער האָבן אַרומגערינגלט די ייִדן פֿון ירושלים און נישט געלאָזט מע זאָל זיי ברענגען שפּײַז צו עסן און וואַסער צו טרינקען.

אין איין הויז זײַנען געבליבן נאָר אַ זיידע און אַ באָבע מיט אַ ייִנגל פֿון נײַן יאָר. ער האָט געהייסן שלמה.

דער פֿאָטער און די מוטער זײַנען ביידע אַוועק אויף מלחמה. דער פֿאָטער איז געווען אין דער אַרמיי און די מוטער האָט געהאָלפֿן היילן קראַנקע. אין שטוב איז נאָך געווען וואָס צו עסן, אָבער עס איז נישט געווען קיין וואַסער צו טרינקען. דער זיידע און די באָבע האָבן זייער געוואָלט טרינקען, און קיין ביסל וואַסער איז ניט געווען.

ווען עס איז געקומען די נאַכט, איז דער קליינער

שלמה אַרויס פֿון הויז. שטיל איז ער געגאַנגען איבער דער גאַס, ביז ער איז געקומען צו אַ ברונעם מיט וואַסער. ער האָט אָנגעשעפּט אַ קרוג מיט וואַסער און געבראַכט אַהיים דאָס וואַסער פֿאַרן זיידן און דער באָבען. דער זיידע און די באָבע האָבן געטרונקען דאָס וואַסער און האָבן געזאָגט: „ביסט אַ העלד, שלמה, אַ העלד!”

| | | |
|---|---|---|
| ירושלים | מלחמה | שלמה |

פֿ ר אַ ג ע ס:

1. וואו זײַנען געווען שלמהס פֿאָטער און מוטער?
2. פֿאַרוואָס האָבן שלמהס זיידע און באָבע ניט געהאַט קיין וואַסער?
3. וואָס האָט שלמה געטאָן בײַנאַכט?
4. פֿאַרוואָס איז שלמה אַ העלד?

## שטייט אין פֿעלד אַ ביימעלע

שטייט אין פֿעלד אַ ביימעלע,
האָט עס גרינע צווײַגעלעך.
זיצט דערויף אַ פֿייגעלע
מאַכט עס צו די אייגעלעך.

אויף די גרינע צווײַגעלעך
וואַקסט אַ גאָלדן עפּעלע.
מאַך צו, מײַן קינד, די אייגעלעך,
אַ ברכה אויף דײַן קעפּעלע!

(י. ל. פּרץ)

## פּרץ און ייִדישע קינדער

עס איז געווען אַ מלחמה. אין דער שטאָט וואַרשע זײַנען אָנגעקומען אַ סך קינדער וואָס האָבן נישט געהאַט קיין פֿאָטער און קיין מוטער.

אין דער שטאָט וואַרשע האָט געלעבט דער גרויסער יידישער שרייַבער פּרץ. ער האָט געזאָרגט פֿאַר די קינדער וואָס האָבן ניט געהאַט קיין פֿאָטער און קיין מוטער. ער האָט פֿאַר די קינדער געפֿונען היימען. מען האָט די קינדער געגעבן אַן אָרט צו שלאָפֿן און שפּייַז צו עסן.

יעדן טאָג איז דער שרייַבער פּרץ געקומען צו די קינדער און ער האָט פֿאַר זיי געמאַכט פֿריילעכע לידעלעך. פּרץ האָט זייער ליב געהאַט קינדער און געוואָלט אַז זיי זאָלן האָבן אַלץ וואָס זיי דאַרפֿן און אַז די קינדער זאָלן זייַן פֿריילעך.

אָט איז איינס פֿון די לידעלעך וואָס פּרץ האָט געמאַכט פֿאַר די קינדער:

טאַנץ, מיידעלע, טאַנץ
אין דעם בלומענקראַנץ.
זעסט — דער הימל לאַכט מיט טרערן,
וועסט אין גיכן אַ כּלה ווערן.

טאַנץ, מיידעלע, טאַנץ
אין דעם בלומענקראַנץ.

די קינדער האָבן געטאַנצט און האָבן פֿאַרגעסן אַז עס איז אַ מלחמה.

| כּלה | מלחמה | פּרץ |
|---|---|---|

פֿ ר אַ ג ע ס:

1. ווי אַזוי האָבן די קינדער פֿאַרלוירן זייער פֿאָטער און מוטער?
2. ווער האָט געזאָרגט פֿאַר די קינדער?
3. וואָס האָט דער גרויסער שרייַבער פּרץ געטאָן פֿאַר די קינדער?

# אונטער יאַנקעלעס וויגעלע

אונטער יאַנקעלעס וויגעלע
שטייט אַ קלאָר־ווײַס ציגעלע.
דאָס ציגעלע איז געפֿאָרן האַנדלען —
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען.

דאָס איז די בעסטע סחורה.
יאַנקעלע וועט לערנען תּורה!
תּורה וועט ער לערנען,
בריוועלעך וועט ער שרײַבן,
אַ גוטער ייִד וועט ער פֿאַרבלײַבן!

## פֿאַרוואָס קומט דער ת צום סוף פֿון אַלף־בית?

עס איז געווען זומער. די קינדער זײַנען ניט געגאַנגען אין שול. זייערע ביכער זײַנען געלעגן און קיינער האָט פֿון זיי נישט געלערנט.

האָבן די אותיות פֿון אַלף־בית אויך גענומען וואַקאַציע. זיי זײַנען אַוועק אין פֿעלדער, בײַ טײַכן, אונטער ביימער. זיי האָבן זיך געבאָדן און זיך געשפּילט. ביז דער אַלף האָט זיך דערמאָנט: אָט הייבט מען ווידער אָן לערנען אין שול. די קינדער וועלן דאַרפֿן לערנען און אַלע אותיות זײַנען אַוועק פֿון די ביכער. האָט דער אַלף גענומען רופֿן:

— „ב, בֿ, ג, ד, ה, ו, ז, ח, ט, י, כּ, כ, ך, ל, מ, ם, נ, ן, ס, ע, פּ, פֿ, ף, צ, ץ, ק, ר, ש, שׂ, תּ, ת! קומט צוריק, קומט צוריק!"

און אַלע אותיות האָבן דערהערט ווי דער אַלף רופֿט זיי און זיי זײַנען אויף גיך געקומען צוריק. זיי האָבן זיך געשטעלט אויף די ריכטיקע ערטער אין די אַלע ביכער פֿון די קינדער. אָבער דער ת איז זייער

ווײַט אַוועק און האָט ניט געהערט ווי דער אַלף רופֿט. קען זײַן אַז דער תֿ האָט יאָ געהערט, אָבער ער האָט זיך געפֿוילט אַזוי גיך צו קומען צוריק. עס איז אים געווען זייער גוט ווײַט אין וואַלד אונטער אַ בוים.

אַלע אותיות זײַנען געקומען צוריק און דער אַלף האָט גענומען אויסרופֿן:

— „בּ?" — „איך בּין דאָ" — האָט בּ געענטפֿערט.

— „בֿ?" — „איך בּין דאָ" — האָט בֿ געענטפֿערט.

— „ג?" — „איך בּין דאָ" — האָט ג געענטפֿערט.

— „ד?" — „איך בּין דאָ" — האָט ד געענטפֿערט.

אַזוי מיט אַלע אותיות. בּיז ער איז געקומען צום ת.

— „ת? ת?" — האָט צוויי מאָל גערופֿן דער אַלף. אָבער דער תֿ איז נישט געווען.

— „וועט זײַן אָן ת" — האָבן געזאָגט דער ר און דער ש.

— „אָבער עס מוז זײַן אַלע!" — האָבן געשריִען דער מ און דער נ.

מיט אַ מאָל זעען זיי ווי ת קומט און שלעפּט זײַן פּיסל.

— „גיכער, קום אַרײַן" — האָט אים געזאָגט דער ת, וואָס זעט אויס אַ ביסל ווי דער ת. די אותיות האָבן אים אַרײַנגענומען, אָבער ווײַל ער איז געקומען אַזוי שפּעט, האָבן זיי אַלע געזאָגט:

— „פֿון איצט אָן וועסטו זײַן דער לעצטער." און אַזוי איז טאַקע געבליבן. דער אַלף איז געווען דער ערשטער, ווײַל ער האָט זיך דער ערשטער דערמאָנט אַז מען דאַרף קומען צוריק אין די קינדער־ביכער, זיי זאָלן קענען זיך לערנען; און דער ת שטייט דער לעצטער און שלעפּט זײַן פּיסל.

| | | |
|---|---|---|
| אַלף־בּית | אותיות | סוף |

# דאָס דריידל

דער זיידע האָט געקויפט פאַר שלמהלען אַ דריידל. שלמהלע האָט זיך זייער געפרייט מיטן דריידל און עס געדרייט און געדרייט אויפן טיש. איין מאָל פאַלט דאָס דריידל אויף „נ״, אַן אַנדער מאָל אויפן „ג״, אַן אַנדער מאָל אויפן „ה״, אַן אַנדער מאָל אויפן „ש״.

שלמהלע מוז זיך אַליין שפּילן מיטן דריידל, ווײַל ער וואוינט אַליין און ער האָט ניט קיין חבֿרים.

דעם דריידל איז אָבער איבערדריסיק געוואָרן זיך צו דרייען און זיך צו דרייען אויפן זעלביקן טיש און צו זײַן די גאַנצע צײַט צווישן די פֿינגער פֿון איין יינגעלע. האָט דאָס דריידל אַ שפּרונג געטאָן פֿון טיש אויפן דיל. דאָס דריידל האָט זיך געדרייט אויפן דיל. די טיר איז געווען אָפֿן, איז דאָס דריידל אַרויסגעשפּרונגען אין דרויסן. דאָס דריידל האָט זיך געדרייט אין דרויסן און דערנאָך גענומען גיך, גיך זיך דרייען איבערן פֿעלד.

שלמהלע איז נאָכגעלאָפֿן דעם דריידל. זעט ער ווי דאָס דריידל דרייט זיך אַלץ ווײַטער און ווײַטער אין פֿעלד, אַלץ אַראָפּ און אַראָפּ — ביז דאָס דריידל קומט אין אַ הייל. שלמהלע איז נאָכגעלאָפֿן דעם דריידל און אויך אַרײַן אין הייל.

אין הייל איז געווען אַ גרויסער טיש. אַרום טיש איז געזעסן אַן אַלטער מאַן מיט פֿינף זין. דער אַלטער מאַן האָט דערזען דאָס דריידל, האָט ער אויפֿגעהויבן דאָס דריידל און געזאָגט:

— „אַ חנוכּה־דריידל! גוט יום־טובֿ דיר, חנוכּה־דריידל! איך האָב טאַקע אויף דיר געוואַרט. איצט, מײַנע זין, קענען מיר אַלע שפּילן אין דריידל.״ און דער אַלטער מיט זײַנע פֿינף זין האָבן געשפּילט אין

דריידל. שלמהלע האָט זיך מער ניט געקענט איינהאַלטן און געפֿרעגט דעם אַלטן מאַן:

— „ווער ביסטו?"

— „ווייסט ניט ווער איך בין?" — האָט געזאָגט דער אַלטער מאַן. — „איך בין דאָך מתתיהו און דאָס זיינען מיינע פֿינף זין. זעסטו, דאָס איז יהודה. ביי אים איז געפֿאַלן דאָס דריידל אויפֿן „ג" און ער האָט געוואונען.

שלמהלע האָט געוואָלט רעדן מיט דעם אַלטן מתתיהו און מיט זיינע פֿינף זין, אָבער — ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| חנוכּה | יום־טובֿ | מתתיהו | חבֿרים | יהודה |

פֿ ר אַ ג ע ס:

1. פֿאַרוואָס האָט שלמהלע זיך געמוזט שפּילן אַליין?
2. וואָס איז געשען מיטן דריידל?
3. וואָס האָט שלמהלע געזען אין הייל?
4. פֿאַרוואָס האָט שלמהלע נישט געקענט רעדן מיטן אַלטן מאַן און מיט זיינע פֿינף זין?

## ד ע ר  א ו צ ר

אַמאָל איז געקומען אַן אַלטער מאַן אין אַ שטעטל און האָט דערציילט:

— „לעבן אייער שטעטל איז דאָ אַ גרויסער אוצר. ווען איר אַלע וועט לעבן צווישן זיך בשלום, וועט איר דעם אוצר געפֿינען."

דער אַלטער איז אַוועק און די מענטשן פֿון שטעטל האָבן געזאָגט איינער צום צווייטן:

— „מיר וועלן זיין גוט איינע צו די אַנדערע, מיר וועלן לעבן בשלום, מיר וועלן זיך ניט קריגן און מיר וועלן דעם אוצר געפֿינען."

— „דער אוצר איז געווים אויפֿן שפּיץ באַרג. לאָמיר אַרויף אויפֿן באַרג און דאָרטן גראָבן און זוכן דעם אוצר!" — אַזוי האָבן געזאָגט אַ טייל מענטשן.

— „דער אוצר איז געווים אויף יענער זײַט טײַך!"

— האָבן אַנדערע געשריִען, — „לאָמיר אַריבער דעם טײַך און גראָבן און זוכן דאָרטן דעם אוצר."

אַנדערע ווידער האָבן געזאָגט: — „דער אוצר איז באַהאַלטן אין שטעטל, אין איינעם פֿון די הויפֿן."

און די מענטשן פֿון שטעטל האָבן אָנגעהויבן זיך צו קריגן. מען האָט געזידלט איינער דעם צווייטן. מען האָט זיך געקריגט. און מען איז שוין אַזוי געוואָרן אין כּעס אַז מען האָט זיך אַפֿילו געשלאָגן.

עס זײַנען אַוועק יאָרן און יאָרן, אָבער די מענטשן פֿון שטעטל האָבן דעם אוצר נאָך אַלץ ניט געפֿונען. זיי קריגן זיך נאָך אַלץ וואו דעם אוצר צו זוכן. דערווייל זינקט דער אוצר אַלץ טיפֿער אַרײַן אין דער ערד.

| | | | |
|---|---|---|---|
| אוצר | בשלום | אַפֿילו | אין כּעס |

פֿ ר אַ ג ע ס:

1. ווער האָט דערציילט די מענטשן פֿון שטעטל וועגן דעם אוצר?
2. ווען וועלן די מענטשן פֿון שטעטל קענען געפֿינען דעם אוצר?
3. וואָס האָבן געזאָגט טייל מענטשן?
4. וואָס האָבן אַנדערע געזאָגט?
5. האָבן די מענטשן פֿון שטעטל געפֿונען דעם אוצר?
6. פֿאַרוואָס האָבן די מענטשן פֿון שטעטל ניט געפֿונען דעם אוצר?

# דער קליינער לינקאָלן

אייבּרעהעם (אַבֿרהם) לינקאָלן איז געווען אַן אָרעמער ייִנגל. זײַן פֿאָטער האָט אַ גאַנצן טאָג געאַרבּעט, און דער קליינער לינקאָלן האָט געהאָלפֿן דעם פֿאָטער אין דער אַרבּעט. דער פֿאָטער האָט געאַרבּעט אַרום די שיפֿן.

אויף די שיפֿן האָט דער קליינער לינקאָלן געזען אַ סך נעגערס. די נעגערס זײַנען געווען שקלאַפֿן. זיי האָבן זייער שווער געאַרבּעט און מען האָט זיי געשלאָגן מיט בּײַטשן.

איין מאָל האָט דער קליינער לינקאָלן געזען ווי אַן אַלטער נעגער טראָגט אויפֿן רוקן אַ שווערן קאַסטן. דער אַלטער נעגער האָט מער דעם קאַסטן ניט געקענט טראָגן. האָט דער אַלטער שקלאַף אויסגערופֿן:

— „איצט וועט מען מיך שלאָגן!"

איז לינקאָלן צוגעלאָפֿן צו אים און אים געזאָגט:

— „איך וועל דיר העלפֿן טראָגן דעם קאַסטן."

און דער קליינער אייבּרעהעם האָט געהאָלפֿן דעם נעגער אַרויפֿנעמען דעם קאַסטן אויף די פּלייצעס. ער האָט דעם קאַסטן אונטערגעהאַלטן מיט די הענט, בּיז דער אַלטער שקלאַף האָט צוגעטראָגן דעם קאַסטן. דער אַלטער מאַן האָט אים געזאָגט:

— „אַ דאַנק דיר, אַ דאַנק דיר! דאָס איז דאָס ערשטע מאָל ווען אַ ווײַסער העלפֿט מיר אין דער אַרבּעט."

ווען לינקאָלן איז געוואָרן אַ גרויסער, איז ער געוואָרן דער פּרעזידענט פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן און ער האָט בּאַפֿרײַט די שקלאַפֿן.

לינקאָלן האָט געגלייבּט אַז אַלע מענטשן זײַנען בּרידער.

# די מענטשן פֿון סדום

די מענטשן פֿון סדום זײַנען געווען זייער שלעכטע. ווען איין מענטש האָט געשלאָגן אַ צווייטן, האָבן די ריכטערס געזאָגט: „דער געשלאָגענער דאַרף באַצאָלן געלט דעם וואָס האָט אים געשלאָגן.״

איין מאָל איז אַ קלוגער מענטש געקומען קיין סדום. זעט ער ווי איין מענטש שלאָגט אַ צווייטן. האָט דער פֿרעמדער געפֿרעגט: „פֿאַרוואָס שלאָגסטו אים?״

האָט דער מענטש פֿון סדום געענטפֿערט: „איך האָב אים געהייסן, ער זאָל מיר אָפּגעבן זײַנע קליידער — האָט ער ניט געוואָלט. דערפֿאַר שלאָג איך אים.״

האָט דער פֿרעמדער געזאָגט: „שלאָג ניט! ער האָט דיר דאָך קיין שלעכטס ניט געטאָן!״

איז דער מענטש פֿון סדום געוואָרן אין כּעס; ער האָט געכאַפּט אַ שטיין און געוואָרפֿן דעם פֿרעמדן אין שטערן. פֿון שטערן האָט גענומען רינען בלוט. האָט דער פֿרעמדער אָנגעכאַפּט דעם מענטשן פֿון סדום פֿאַר דער האַנט און געזאָגט: „קום צום ריכטער!״

האָט דער שלעכטער ריכטער געזאָגט: „אין אונדזער שטאָט דאַרף דער געשלאָגענער באַצאָלן דעם וואָס שלאָגט אים. דו דאַרפֿסט באַצאָלן דעם מענטשן וואָס האָט געוואָרפֿן אַ שטיין דיר אין שטערן.״

האָט דער קלוגער מענטש געכאַפּט אַ שטיין און געוואָרפֿן דעם ריכטער אין שטערן און געזאָגט: „באַצאָל מיר און איך וועל דאָס געלט אָפּגעבן דעם וואָס האָט אין מיר געוואָרפֿן דעם שטיין.״